משה עטינגער

# דערהויבענע טעג

לידער

פארלאג "זכור"

תשל"ט ירושלים 1979

# EXALTED DAYS

# DERHIOBENE TEG

Poems

*by MOISHE ETTINGER*



*Copyright 1979 by*
MOISHE ETTINGER

68-73 Yellowstone Boulevard
Forest Hills, N. Y.

פון דעם זעלבן מחבר:

**„פייגל ביי מיין פענצטער"**

פאַרלאַג „זיין", 1961

**„אין בונד פון לעבן"**

פארלאג די ברידער שולזינגער 1969

PRINTED BY BOYS TOWN JERUSALEM

גערוידמעט מיט ליבשאַפט

**מיינע אייניקלעך:**

דפנה און עופר יעקב
בלומבערג

# פייגל אין שול פון א ספרא רבא

אין פאליש אין שול פון ש״י. עגנון
אין ירושלים השלמה, אויף תלפיות
האבן צוויי פייגל א נעסט זיך געבויט.

צו שחרית, ווען עגנון לייגט דעם של ראש
און מאכט די ברכה — להניח תפלין —
צעצוויטשערן די פייגל אן אמן א שטילן.

דערמאנט דאס עגנונען די אמאליקע ביטשאטש:
דעם גאון ר׳ יעקב אליהו, רב פון שטאט.
די שול די גרויסע מיט דער אָדלער מנורה,
דעם ביטשאטשער שטייגער, מיט מצוות און תורה.

דערפילט ער א ווייטיק און אין הארץ א שטאך.
וואו איז איצט ביטשאטש? איר שבת איר וואך?
טרערן זיינע אויגן און קוקן צו דער ווייט
צו זיי דעם טאל, — ער איז מיט לעבן צעפרייד:

עם בליען די בלומען. עם צוויטן די ביימער.
דאָס רייכע גרין — רעדט מיט אלע אירע ביינער.

ווארפט עגנון א בליק צום הימל אויפן,
דער הימל א צעהלטער איז א חופה פון גאלד; —
זי שירעמט די שול וואס פיסט מיט שטאלץ
אויף א בארג, פון די בערג אין יהודה.

זיצן די פייגל אויפן קאפ פונעם כיור.
ווינקט עגנון צו זיי און ווייזט זיי די טיר
פליען די פייגל ארויס מיט א ברען
און צעפלאטערן מיט שירה דעם גאנצן פארנעם.
און עגנון פארענדיקט, — מיט הודו לאדושם. —

# אביי וואלט זיכער פארשריבן

איך זע אייך, קינדערלעך,
אייניקלעך אונדזערע,
אויף מיגרשים זיך שפּילן,
אין הייליקן לאַנד.
איך הער אייערע שטימעלעך
ווי גלעקעלעך קלינגען —
פון פרייד צעפלאַמט.
אָך זע אייך, צברהלעך,
באוואָפנטע מיט גבורה,
מיט חכמה וואָס שפּרודלט
פון יידישן קוואַל.
און כאָטש אייער זאָג
איז ניט — אמר אביי —
איז זיינער דער לשון;
אויך זיינער דער קול;
און וואָלט ער, אַביי,
איצטער געווען,
וואָלט ער זיך מיט אייך
אויף די מיגרשים געשפּילט
און זיכער פאַרשריבן
אַ הלכה פון גברה, פאַר צברות —
וואָס זענען אין זייער
פאַטערלאַנד פאַרליבט.

"צוקונפט", אפריל — 1974

## די בערג פון יהודה

די הרי יהודה, די שטיינערנע בערג,
אַ זיווג — פֿאַרקנסט
צו תכלת פון הימל,
קלימפּערן אַ למנצחדיקן ניגון
פון נעים זמירות ישראל.

די ביימער —
קורצע, פליישיקע, ברוינע,
האָרבעס אויף רוקן פון קעמל
זייגן זאַפטיקן טוי,
צינדן די לופט מיט ניחוח־פלעמל.

דער זשוויר, געפּינטלט מיט כלערליי בלומען,
באַשמעקט מיט אוראַלטער שירה —
ער נידערט, אַ טעפּער,
איבער טרעפּיקע שטעגן
צום גילדענעם שטח —
פון ירושלים הבירה.

און ווען די זון מיט פלאַמיקע שטראַלן
אַ קעניגעלכע זעצט זיך אויף כיסא השקיעה,
נייגן די בערג צו מערבדיק פאַלן —
און קילן די נאַכט מיט אידישער ליבע.

"סביבה", מאי 1973

## דער הימל פון ירושלים

דער הימל איז אומעטום דער זעלבער,
ער איז גרוי,
ער איז בלוי,
ער איז דאָס וואוינאָרט פון מלאכים —
האָט געזאָגט אַן אַלטמאָדישער חכם.

דער הימל איז אַ הייליקער האַרבעריק,
האָט געלערנט דער ניעמיראָווער צדיק,
עס שטייען דאָרט איין אַלע יידישע בקשות.

דער הימל איז ניט אומעטום דער זעלבער —
האָט גערדרשנט אַ באַזאַכטער בן נבון,
— אין ירושלים איז ער גאָלד,
אַ פרוכת אויסגעשטיקט
מיט פעדעם פון זון.
ער לייכט בייטאָג, ביינאַכט,
ווי באפוילן עס האָט
דער זון פון נון
אין דער אלטשטאָט גבעון.

— אין ירושלים איז דער הימל
געטליכט מיט קדושה,
ער איז טהור און תמים:
ער איז דער כיסא הכבוד
פון זיין ליבן נאָמען.

„צוקונפט", מערץ 1977

## המשך ביים כותל מערבי

דער כותל מיט מאָך אויף די שאַרסקע שטיינער,
צעזילבערט פון זון
דעכעט פרום
מיט אידישע תפילות.
די שפּאַלטן,
אויפגעריסענע מיילער
שלינגען אידישן צער.

דריי היכלען מיט צעגלעטע פרוכתן
פייער־מלאכים,
הייבן צו די הייכן
די אידישע בקשות:
רבונו!
אַ סיעתא דשמיא,
אַ רפואה שלמה,
פאר פלוני בן פלוני.

צברות שפילן כדור.
ס׳הילעכט זייער געלעכטער.
אַבי — פון לינקער,
עופר — פון רעכטער
און דורון אין דער מיט.

דער שפיל גליט!
פיסלעך פלעכטן
דעם היינט מיטן נעכטן.

„אידישער קעמפער", 1975

## זיידע מתנות

איך שיק דיר אוצרות
וואָס די אבות האָבן אין שעה פון סכנה
געבאָוועט אין האַרצן,
געפּאַנצערט אין מוח
און אין טעג פון גזרות
געטלית'ט —
אונטערן ברענענדיקן גוף.

איך שיק דיר שירה —
נגינה פון לאַנד
וואָס דער בעש"ט האָט געשעפּט
צווישן טאָלן און בערג.
וואָס דער בעש"ט האָט געטרונקען
פון אייביקן קוואַל
מיט יידישן דאָרשט,
אין חסידישן שטאַנד.

איך שיק דיר קערנדלעך וואָס האָבן זיך צעזונגען.
געדייעט צו מוזיק
אין פאַטקאַרפּאַציע, פּאָדאָליע.
וואָס האָבן דורך דורות
האַפטיק געקלונגען
ווי אַ גלאָק —
וואָס דער ווינט
וויגט אים פאַוואָליע.

איך שיק דיר זערנעס,
זאַמען פון לעבן,
טייערער פון דימענטן;
שענער פון פערל:
אַ שנורל, — אַ קישוט,
אויף דיין קינדעריש העלדזל
דפנה! —
צברה! —
בלימעלע מיינס.

„צוקונפט" 1973-12

פון "די באלאדעס צו אַ זון א טייערן, א זעלנער".
וואס א פאראבלטע מוטער־דבורה בירבוים האט בעשריבן צום אנדענק פון איר זון ישראל וואס איז געפאלן אין רמת הגולן אין דער יום כיפור מלחמה.

## כוס פון טרייסט

צו אלע מאמעס וואס באוויינען קינדער,
צו טאטעס פאראבלטע נאך געפאלענע זין,
צו יעדן פארביטערטן הארץ וואס קלעמט —
צו די מיט אויגן צום מארגן געוועדט —
צו אייך, איך טראג מייןווארט און זאג:
— ניט סתם לידער געקליבענע
אין סטראפן מיט גראמען געשריבענע
נאר פון הארצן פון טיפן געקומענע
זענען מיינע רייד.
פארגאסענע זיי שטראָמען מיט בלוט פון גבורים
אין הארץ פון א מוטער א פאראבלטע
נאך איר זון וואס איז אין שלאכטפעלד געפאלן.

צו אייך איך הייב דעם כוס פון טרייסט,
צו שטארקן אייער גייסט —
ווייל אזעלכע זענע געווען די זין —
קדושים אויפן מזבח פון היימלאנד.
אודאי קומט אייך דער זכות פון קדושה:
פון אייערע ווארצלען געזייגט זיי האבן
דער כח פון גבורה.
און אויב דערווידער דעם אלעמען
איר וועט ממשיך זיין טראגן דעם יאך.
אויב דערווידער יסורים
איר וועט מגדל זיין בנים נאך
וועט די געשיכטע אייך שענקען איר לויב.
ווייס איך ווי שווער ס׳איז די בשורה
פאר א פאראבלטן פאטער און מוטער,
איז, אויב איר וועט אנגארטלען די כחות
וועלן ווערטער אייך גיטיגן דעם אויסדויער
און אויך איך וועל אין זיי געפינען מיין טרייסט.

יום הזכרון לחללי צה״ל, כוס ניחומים
״אידישער קעמפער״, פסח תשל״ח

# דאס ליד פון בערג און גאולה

א יעדער בארג מיט זיין געשטאלט
מיט זיין געוואלד
מיט זיין קאליר
זינגט א שיר.

א יעדער בארג באחנט מיט פארב —
מיט גרוי
מיט בלוי
מיט ברוין
מיט גרין,
א בוקעט —
פון פארבן מין
מאלט א לויב.

א יעדער בארג מיט זיינע ביימער
געווארצלטע אין די שטיינער —
שלאנקע, שפיצן צו דער זון —
קליינע, קניענדיקע פרום,
געטונקענע אין בלום —
אלע, אלע, אלע אינאיינעם
פלעכטן אויס
א קראנץ א שיינעם,
צירן אויס
א קרוין פון גלאד
דער שטאט פון האלט,
דער שטאט פון פריד.

און אין הארץ
פון איר געמיט
דער כותל מיט
זיין דורות ליד
איינגעדביקות'ט
אין טרערן־תפילות —
קוקט ארויף צום
נעים זמירות —
זעט, ער פליט —
הערט, ער שפילט
מיט תהלים פרייד
דאס ליד פון ייד,
דאס ליד פון גאולה.

"צוקונפט", 1978

## איך טו פרעגן

עס וויינט אין מיר מיין יידישער לשון.
עס קלאָגט אין מיר זיין יעדער אות.
א באַ׳צער׳טער איך טו פרעגן:
ווער איז מחלל זיין קידוש־כוס?
ווער מטמא, זיין פרי הגפן
דעם זיסן טעם פון יידיש וואָרט?
ווער זענען זיי, די ווילדע שטראָפן?
די פארשוועכער פון יעדן סאָרט?
אייגענע, צי פרעמדע שואים?
פראניינער מיאוסע פון קיום־גנאָד.

האר פון יידיש, רבון עולם!
שטאָפּ זיי אויף די טויבע אויערן.
מאך זיי צו די בייזע צונגען.
לאָז זיי וויסן, לאָז זיי הערן
ווי יידיש טוט נאָך פריילער קלינגען
אויף די מערק און אויף די גאסן
און אז זי וועט זיי פארבלאסן.
און וועט זיי זיכער איבערלעבן.

„אידישער קעמפער״, פסח תשל״ח

## אַ לויב צו מיין שפּראַך

לשון מיינער, מאַמע־לשון
שפּראַך פון מיינע זיידעס, באָבעס.
אויסגעטאָקט אין כוח פון וואָך
אָנגעהויכט מיט סוד פון שבת
ביסטו ביי אונדז, די שענסטע מוזיק!
דאָס שיר־השירים ליך:

דו צעהלעסט אונדזער לעבן,
יעדעס ווינקל פון אונדזער שטוב.
דו באַגלייטסט אונדזער פרייד
פונעם וויגל ביז צום גרוב.

יידיש לשון, לשון מיינער,
וואווינסט אין אַלע מיינע ביינער.
אַלע מיינע ביינער רעדן —
צירן דיך מיט אַכפּער־קרוינען:

לויב צו דיר! און דיינע טראָפּן
און צום פאָלק וואָס האָט באשאפן
אַזאַ לשון, אַזאַ שיינעם,
אַזאַ לשון, אַזאַ ריינעם.

"דער וועקער", מרץ־אפּריל 1978

## אויף דער וואַך

מיר, די כאַליאַסטרע פון פלאַטער און פלי,
דער דיכטערישער חייל
פון שאָף און מי
פון דמיון און ליד
שטייען גרייט
פאַר יעדן אות,
טראַף און תג,
צו אוצר'ן זיי
אין דורות־זאַק
פון אידישן ליד.

מיר, די ראש־פינה פון דער ציטאַדעל,
שומרים אויף איר שוועל,
היטער פון דער מויער,
באַוואָפנטע מיט אויסדויער
שטייען אויף דער וואַך:
כי לא אלמן ישראל!

"אידישער קעמפער", ר"ה תשל"ה

## אַ זומער־טאָג ביים ים

ווען אַ הייסער זומער־טאָג לעכצט
נאָך קילן ווינט,
דער ים — אַ רואיק בלויער שוימט
מיט ווייסן שוים
קומען מעוועס הונגעריקע,
צו פליען צו זיין ראַנד
און שנאָבלען ברעקלעד שיריים
פון צעגליטן זאַמד.

איז אַ יעדער ביסן דרויב
אַ פייגלדיקער לויב:
אַ בענטשנדיקע ברכה;
— שאכלנו משלו —.

ווען אַ הייסער זומער־טאָג שמאַכט
נאָך קילער נאַכט,
די זון, צו מערב שפּאַנט
געקליידט אין רויט געוואַנט
און פירט אַ טאָג
פּאָטערלעך ביי האַנט,
שטייען מעוועס אויף סלופּעס
ווי זעלנער אויף דער וואַכט
און באַגלייטן האפּטאכיק
דעם טאָג צו דער נאַכט.

זיצט אַ מאַן
ביים קילן ים
און שעפּט די פרייד
פון זיין —
און לויבט דעם טאָג;
און בענטשט דעם טאָג;
און זאָגט: אמן, אמן.

## פרילינג קרוין

אויף דעם פאָרענטש פון מיין גאנעק
האט א פויגל זיך געשטעלט
און דעם פראָסט פון ווינטער
צעטייעט.
זיין שנאָבל פיקט פון זאפּאס
קערנדלעך, שיריים.
זיין קול טרילט א ליד —
א לויב פאר באנייען.

"טאראם טאראם, טשרי טשרי"
— דעם פרילינג א גוט־מאָרגן.
און ער טוט פרייד א פלי
צו ערטער העט, פארבאָרגן.
און פון דאָרט אויף צוריק
אויף פילגל־פלי באהאלטן
ער טראָגט דעם סוד פארן בלי —
די קרוין, פון פרילינג שאלטן.

"אידישער קעמפער", ראש השנה תשל"ד

## פרילינג פראַנט

ר׳גייט, ר׳קומט, ר׳ שפּאַנט
דער פּרילינג־פּראַנט.
ווי׳ אַ קאָמעדיאַנט
מיט רענן־שפּריי
מיט זון־זאַוויי
ר׳טאַנצט אַ מענצל
דעם חודש מיי.

ר׳גייט, ר׳קומט, ר׳איז דאָ ;
דער פּרילינג־פּראַנט.
אויסגעפּוצט אין גרינעם פראַק,
שטאָלץ ר׳טראָגט דעם בלומען־זאַק
און בלימלט אויס אַ צוויט־באַפּעל :
וואַקסט, וואַקסט, וואַקסט !

און איך אַן אלטער מוזיקאַנט —
אַ קונצנמאַכער אין פּרילינג־לאַנד
סטרויע אָן כישוף־סטרונעס,
גאַרטל אָן פידל־לענדן,
צי דעם בויגן, שפּיל אַ ניגון
פון אַ פרישן פרילינג וויגן —
פון אַ וואַקסן פול מיט פרייד,
פון חזק חזק ונתחזק.

אידישער קעמפער״, פסח תשל״ו

# איבער אַלע הייכן

איך וואַנדער צו דער וועלט פון דיכטער
אונטער זייל פון פייער און וואָלקן.
עס שיצט מיך די וואַכט
פונעם לא ינום ולא יישן,
דער שומר ישראל, אונדזער היטער:
— איז פעסט מיין טראָט
אין טאָג און אין נאַכט,
אין היץ און אין קעלט
און שטאַרק! —
ווי דער כוח פון באַשיצער.

טראָגט מיך דער כוח צום לאַנד פון ליד
ווי פאַרצייטנס מיין פאָלק צום לאַנד כנען.
— באַצווינג איך די שטעט,
— באַזעץ איך די ערטער,
— די בערג און טאָלן
צעשפּיל מיט ווערטער
פון אייביקן יידישן ליד:

שוועבט דאָס ליד איבער אַלע הייכן, —
אַ שטאָלצער — זיגערישער אָדלער;
און טראָגט פון צוזאָג פאַר קיום דעם צייכן —
וואָס געשטעמפּלט ס׳האָט פון שירה דער פאָטער.

„דער וועקער", דעצעמבער 1976

## אפגרונט פון זינד

מיר האָבן פאַרפעסטעט די וועלט
פאַרמבולט מיט גאַזיקע סמען;
מיר שטורמען דאָס בלאָ פון הימל
און טייטן די פיש אין ימען — —
נישטערן אין דער פינצטער פון נאַכט
צו געפינען פון אומקום די מאַכט —
אַ קללה, וואָס גרווילט און פלאָגט...

מיר נידערן צום קראַנקן תהום
צו שעפּן פון דאָרט אַ היילונג
און שמירן מיט מאַסצען פון סדום
אונזערע קרעציקע שיילונג
און מיינען מיר זענען געזונט —
שוין אַנטפּלעקט פון געגעזן דעם סוד,
נאָר זעען ניט, אַז מיר זינקען אין זינד,
ווי די תאווה־טעכטער פון לוט.

„אונזער צייט", 1976־10

## קהלת׳דיק

דער׳ מענטש,
דער צלם אלוקים, איז בלויז אַ פינטל:
ווי אַ מוראשקע ער שארט זיך, ר׳פלייסט
אנצוהאלטן דאס קווינטל
לעבן, — זיין "איך".
און מיט געזאנג פון חלום
וואס פליסט אין א שטילער נאכט
פון א הימלישן טורעם,
ער׳ באזינגט דעם "איך"
און פארשיכורט זיך
מיט הלל און לויב
ביז צו פארגעסן —
אז ער טאָפּפשעט אין שטויב
פון לעבן, וואָס צילט
צום שטויב פון טויט.

## לעצטער אות

דער בוים ביי מיין גאַנעק גרינט מיט תמוז־גרין.
דער פויגל אויפֿן בוים צוויטשערט.
דער דאָקטאָר לעבן מיין בעט
שטייט —
שווייגט.

איך קוק דורכן פענסטער —
די זון פאַרגייט.
די נאַכט פאַלט אויף מיין שטוב
מיט שוואַרצע פאַרבן.

דער מלאך מיט דער קאַסע,
מיטן טויטן שאַרבן,
טראָגט דאָס שטאַרבן.
ער קלאַפּט אין טיר
און שמייכלט.
— צוויי און צוויי איז פיר.
דער חשבון שטימט;
דער חשבון צייכנט.

איי, וואָלט איך געצוימט דעם לחיים־כוס!
זיינע טראָפּנס רינען אויס.
אין מויל צאַנקט דער לעבענס אות.

„יידישער קעמפער", פסח תשל"ד

## די צייט פארצייכנט

די שעהן קרישלען זיך אויפן ציפערבלאט.
די טעג, אויפן לעבנס-זייגער.
די צייט—א שווייגער
שמייכלט
און פארצייכנט
די שריפט:
"מנא, מנא, תקל — — —,"
— געציילט, געציילט, געוואיגן
און דעס שטריק פארצויגן
אויף דער תליה פון גורל.
ווי ווייט ציט זיך דער וועג
וואס פירט צום ציל?
וועלכע מיל מאלט
דאס ברויט פון מיין גורל?

דער ענטפער איז אַ בלאנק:
דעם בלייז פילט אויס
דער טרויער פון ניט וויסן.

# א חסידישער שלוש סעודות

טישן לאנגע ווייס געדעקטע
אין דער קלויז אויפגעשטעלט.
אויף די ווענט — שאטנס טאנצן
פון דער שבת׳דיקער וועלט.
אויף די טישן הענט זיך מישן —
שיריים כאפן פון רביס טאפ.
בערט און פאות, סויבל שטריימלען,
צירן יעדן חסיד׳ס קאפ.

זיצט דער צדיק טיף פארטראכט,
א רזין־תורה ר׳דרשנט אויס:
״דער טאג, דער חתן, פירט די כלה
צו דער ערשטער נאַכט ארויס.
איז דער זיווג זיך מזווג;
דעם בורא עולם׳ס טון איז גרויס!״

זיצן חסידים האלב פארדרעמלט,
פארשלעפטע צו דער ווייטער ווייט.
זייער דמיון א פארבענקטער
נאכן שבת וואס פארגייט —
נאכן בראנפן, נאכן לעקעך,
נאך דער תורה, — איר זיסן טעם.
נאר די וואך מאנט דעם מקח;
עס ווארט איר וואר, דאַס שווערע זיין.

## דער זיידע טאַנצט

איך וועל זיך אויסטאָן גאָר אין גאַנצן,
נאַקעט לאָזן שטיין מיין וואָר:
מיט די אייניקלעך גיין טאַנצן —
אַ צענצל פון אַ יוגנטיאָר.
אַ טראָט רעכטס, אַ טראָט לינקס,
אַ פּאָרנייג פאָריוס —
און אַ שפּרינג אינעם ראָד
מיט אַ וואַרע גרויס.

טאַנצט־זשע, טאַנצט־זשע, קינדערלעך,
הייבט די פיסלעך הויך!
עס טאַנצט מיט אייך דער זיידעניו
מיט זיין לעצטן כוח.
עס ברומט דער באַס, עס פויקט די פויק
און עס פייפט די פלייט.
טאַנצט־זשע קינדער, אייניקלעך —
טאַנצט געזונטערהייט.

— אויסגעטאָן זיך אָט, אין גאַנצן,
נאַקעט שטייט אַצינד מיין וואָר;
עפּעס האַלט צוריק דאָס טאַנצן —
אפשר גאָר די גרויע האָר?...

„פרייע ארביטער שטומע", 1973

## דער כוס פון דרייסט

איך הייב דעם בעכער פון דער הילף
און איך רוף.
און די הילף
איז פארטייעט
ערגעץ וואו
אין שלאף,
אין ווילדן וואלד.

הייב איך הויך דעם כוס פון הילף
און איך וועק.
און די הילף
פארפאנצערט ליגט
אינעם קלייד פון שרעק.

הייב איך הויך דעם כוס פון דרייסט
און איך זאג:
— די שרעק איז אלט ווי די וועלט;
נאר קומען מוז דער יונגער טאג!

איך זע, עס ברעכן זיך די הימלען,
די וואלקנס, טונקלע, נעמען העלן.
שפרודלט אויף דער קוואל פון הילף
און ישועה הייבט אן קוועלן.

„אונדזער צייט", 1970

## דער מלכותדיקער זייגער

דער וואַנטזייגער מלכותדיק קיניגט:
זיין פענדלשטיק בענטשט די שעה,
זיין ציפערבלאַט קרוינט זיך
פיר און צוואַנציק מאָל.
דער ראָד אין זיין אינגעווייד
קושט דעם מעת־לעת.
די ווייזערס גרייפן —
דער גרויסער דעם קליינעם
און אַלע אין איינעם
פאַנגען די צייט.

דער זייגער טיקטאַקיק רעדט:
אַ סוד ער גלעט
פון זיין און ניט זיין,
פון ניט פאַרשטיין
דעם כוח פון דער צייט —
דעם מיין פון איר באַשייד.
ביז פלוצעם געטאָן
ר׳האָט אַ קרייע ווי אַ האָן
אין בעלות השחר —
און ווי אַ כישופמאַכער
דעם פיתרון געבראַכט:
אַז דער טאָג ווערט געבוירן
אין שויס פון דער נאַכט
און ער איז דאָרט
אויף אַ שלאָס פאַרמאַכט,
עס זעט אים דער — —
בלויז דער וואָס עס וואכט
און דער שליסל פון זען
צו אים גינציק לאכט.

„וועקער“, יולי־אוקוסט 1976

## פּאַעטישער שפּיל

איך גיי איבער די הייזער
ווי שאַגאַלס אָרעמאַן איבער די דעכער.
איך האָצקע ווי פּישקע דער קרומער
איבער די שוועלן, צו קלייבן נדבות,
פּאַפּירענע פּרוטות.

ווי שאַגאַלס אָרעמאַן מיט זיין
טאָרבע און שטעקן
אַזוי איך מיט מיינע לידער,
מיר ביידע וועבן
דעם חלום פון לעבן!
ער, אויפן דאַך —
און איך, אין דער נידער.

די טעג זיינען ניט אונדזערע,
נאָר די נעכט און די שטערן:
ער, לעבן קוימען
ציילט אַשענע רענדלעך
און מיר פרעגלען די שטערן
אין גאָלדענע פענדלעך
דעם יתרון פון ליד.

שפּאַן איך מיט מיין ליד
ווי ער מיט זיין טאָרבע —
און כאָטש איך בין מיד
דריי איך די קאָרבע
פון שפּיל — און לעב!

## בורא פרי העץ

דער בוים מיין חבר האט זיך צעפילפולט.
— ״א נאָוועגע״ מיר דערציילט:
״דער בער טאנצט געפענטעט אויף דער קייט,
דער פויגל זינגט א פארשארטער אין שטייג
און איך, דער בוים, באקרווינט מיט גרין
מיך, וויגט דער ווינט — אהער און אהין״.
האָרך איך צום בוים און איך טראכט:
— דער טאג איז אוועק, עס קומט די נאכט,
זי שאלט וואלט שלעקט און גרייסט,
וועל איך מיין בוים ברענגען א טרייסט
און איך זאג:
— דער בער, דער פויגל, דו און איך,
מיר אלע טראָגן אויסגעבאָרגטע שיך,
מיר אלע גלויבן אז לאנג איז דער וועג
און דער ווילן צו גיין איז פון גאט געשענקט —
נאר חוה׳ס העלפער, די זלודנע שלאנג,
האט אויסגעטראכט אן עפל־פאנג,
אנגעשטעלט איך גיפטיק געווער
און שעלמע געחוזקט פון אונדזער באגער.
ווערט מיין בוים בייז; — ער האט פאראיבל:
ר׳זאגט: ״חוה׳ס העלפער איז א מנוול!״
ווארפט אראפ פון דער הייך אן עפל,
א פרי — שיין, זיס, מלא רייץ.
בייס איך אריין און מאך די ברכה:
— בורא פרי העץ.

## אין־סופיקער ברעג

אַוואו זענען די טעג
וואָס צינדן די יאָרן
אין יוגנט־גאָרטן —
אין פּרדס פון גליק?
זיי זענען ניטאָ!
זיי זענען אַוועק
ווי פייגל צעשראָקענע
אין הארבסטיקע טעג.

אַוואו זענען די טעג
די פרידלעכע טעג

וואָס גלייבן אין סימן
פון רעגנבויגן?
אַוואו יענע טעג
די באַזאָכטע טעג
געוויגטע אויף אינדן
אין לינדיקן ים?
זיי זענען ניטאָ!
זיי זענען אַוועק
אויף שיפן צעבראָכענע
צו דעם אין־סופיקן ברעג.

„מעקער", יוני 1976

## דאָס אויסגעלאָשענע ליד

די בלעטער רויטע — פלאַמען.
די בלומען גרויע — וויאַנען.
די גראָזן געלע — שלאָפן
אינעם קאַלטן טוי.

די צווייגן דאַרע — שטאַרבן.
די ביימער מידע — דאַרבן.
דער ווינט אַ בייזער טראָגט
אַן אויסגעלאָשן ליד.

## בלומען פון אונדזער מי

וואָס קנופּט אונדז צום לעבן ?
ניט די שטריק
וואָס דער שטריקדרייער
דרייט :
ניט דאָס אייזן
אין דער רינג פון אַ קייט :
ניט די שרעק
וואָס אויפן זייגער
פון דער צייט :
נאָר דער גלויבן אין מאָרגן —
ווי אַ זון צעשיינט
מיט בטחון אין היינט
וואָס שענקט
פון פּראַצע די פרייד, —
פון וויסן דעם יתרון,
דאָס פאַרשטיין —
אַז דער היינט און נעכטן
וועלן אויספלעכטן
פון לעבן דעם קראַנץ —
מיט בלומען פון
אונדזער מי.

## האַרבסט־געמיט

דער האַרבסט־ווינט
צינדט אָן
יונגע יאָרן
און זיי ביטן
דער וועלט —
אַ גאָט־העלף.
אַלטע יאָרן
שרויפט ער מיט רעגן,
מיט ווייטיקן
וואָס פויקן
אויף דעכער פון שטיבער —
אַ בייזיקן פיבער.

בלעטער וויינען מיט רעגנטרערן
און איך וויין מיט:
דאָס האָבן בלעטער אויף צווייגן
דעם גזר פון ענד דערפילט.

"צוקונפט", 1973

## שאַרע טעג

האַרבסט גרויער!
לעש אויס דעם טרויער
פון דיין קלאַנגפידל —
דעם יאָמער אין זיין ניגון.
זאָל ער נישט שרעקן
די קינדער אין וויגן —
ניט וועקן, אַלטע לייט פון שלאָף,
ניט דערקוטשען מיר
אין מיין שטיין און ליגן.

לאָז דיין טרויער פאַלן אויף אַ טראָפּן טוי,
וואָס פערלט אונטער זון,
אין אַ פרילינג בליענדיקן
פרימאָרגן.
און זאָלן טעג פון שאַרען זיין
זיך איוסבאָרגן
די פרייד פון ליכט,
דעם זאַפט און כוח פון לעבן.
האַרבסט גרויער, לעש אויס, לעש אויס,
דיין טרויער.

„פרייע ארבעשער שטומער", 1973

## וואונדער פון צינדער

טעג זענען ניט נאָר
שעהן אויף ציפערבלאַט פון זייגער,
טעג זענען קרבנות אויפן מזבח פון לעבן.
טעג זענען וואָלקנס —
זיי גיסן זיך אַרויס
מיט רעגן
מיט שניי
מיט האָגל
זיי זענען כסדר אין וואָגל.
זיי פליען ווי טויבן
ווי פיילן
ווי שפּאַרבערס.
עס פאַרבן זיי די פאַרבערס
מיטן פענדזל פון געמיט.

טעג גייען אויף און גייען אונטער,
דער וואונדער דערפון
איז דער סוד פון צינדער
וואָס צינדט זייער זיין.

"וועקער", ינואר 1976

## א קאפעליוש קשיה

אז דער דארער קאפעליוש
אין שוין מער ניט שווארץ
נאר גרין
און דער הונגער עסט די נויט,
פאטער אין הימל!
די קינדער בעטן ברויט
און איך האב ניט:
פארפוץ איך מיין דרויסן
און דער אינוויי‏ניק
בלייבט ליידיק.
— אן אויסגעהוילט הארץ
מיט א פארשעמטן פריידיק
מישטיינס געזאגט
איז מיין וועלט:
אויך אזוי דיינע;
מכלומרשט, איינגעטונקען
אין יושר,
נאר דער ארעמאן איז ארעמאן —
און דער עושר איז עושר.

כאטש צי זי מיט ציין
קנעט זי מיט די באקן
די וועלט דיינע,
איך קען זי ניט איינבייסן ;
דיין הארטע זונה.
און דו יהיב חיי — —
שווייגסט ?
ביטער, ביטער, איז דיין יהיב מזונא : !

אז דער דארער קאפעליוש
איז שוין מער ניט שווארץ
נאר גרין
און דאס שטעקל מיטן
קעפל פון ציון
טאפטשעט דעם הונגער.
אז אלע טויערן זענען פארמאכט
און אלע טירן פארהאקט
און גיין מוז מען !
— כאָטש מק׳ען ניט —
וואס טוט מען ? רחמנא !
יהיב חיי ! יהיב חיי.

## עס טונקלט די וועלט

ווען די וועלט טונקלט און עס
ציטערן די שיינען
שטיי איך אַ געשלאָגענער
מיט מכות און טרערן,
וואָס שטעכן און שווערן
דאָס האַרץ פון אַ דיכטער
אין אַ זינדיקער צייט.

ווען די וועלט טונקלט און עס
לעשן זיך די ליכטער —
פאַל איך כורעים, טו זיך
הכנעה׳דיק שלאָגן
פאַר חטאים ניט מיינע;
פון אַ בייזער צייט.

ווען די וועלט טונקלט און
שוואַרץ ווערן די שטערן —
דער אָרום איז אַ בלינדער,
פאַרשטיינערט צו הערן
דאָס קול פון געוואַלד;
ליג איך אַ מת,
אונטער קברים פון קינדער
וואָס האָבן ניט פאַרנומען
פון יונגעט דעם וואונדער —
פון לעבען דעם טעם.

„טאג מארגנזשורנאל“, 31־1970

## מאָרגנליד

עס וואַקלען צוויי טויבן,
אַן ער און אַ זי,
געפּאָרטע אין וואַקלען,
געגאַרטע צום פלי.
וואָרקעט דער ער:
"דער הימל איז בלוי".
זאַמלט די זי
פון גראָזן דעם טוי,
פון שחרית די פערל,
גינגאָלד — אַזוי.

צעשפּילט זיך אַ ווינטל
אויף סטרונעס פון פרי,
צעברומט עס אַ ניגון
פון פליגל און פלי,
וועקט עס די זון
פון נאַכטיקן פאַנג
צו טראָגן באַגינען
אַ מאָרגן-געשאַנק,
אַ שפּיל פון טויבן —
אַ תפילה אין פלי.

"פרווע ארבעטער שטומע" 1973

## פרילינג פייער

דער שפונט פון פרילינג־פּאַס האָט זיך געעפנט
און באַגאָסן די וועלט מיט בלי.
דער אַלטער בוים באַקרוינט מיט צוויט
פלאַמט מיט יונגן גלי.
מיין בינטל יאָרן
אין זיין שאָטן
שטייט און גאַפט.
דער ווינט טראָגט
אַ זאַפט —
אַ פרישן ריח,
אַ גרינעם ציטער.

טוט מיין בינטל א צוויטשער
און צום בוים א פלי.
קראנצט דער בוים דאס בינטל
מיט צוויט פון פרילינג גלי.

## די בונטע שלייף

גרוי ברוין און רויט
פארבן מלכות הארבסט;
צייכנען דעם מענטש דאס זיין,
דעם סכום אין איר שייד.

וועווערקעס שפרינגען
פון צווייג צו צווייג,
פאַרפלען זיך,
מיען, מיט שווייס,
צו באהאלטן
א ביסן,
פאר ווינטער־צייט.

פייגל, פארברידערטע טשאטעס,
פארלאזן נעסטן, פון אונטער כאטעס
און פליען אוועק — העט, אהין,
וואו גרוי ברוין און רויט
קושן זיך מיט גרין.

די גרויע פארב אויף מיין קאפ,
די קרוין, פון הארבסט ירושה,
דאס געשאנק פון זיין, — איז רייף:
— פלעכט איך מיט א שמייכל א שיטערן צאָפּ
און פארקנופ אים, מיט א בונטער שלייף.

## רויבזאַק פון דער צייט

די זון גייט אויף און זי פאַרגייט
און טראָגט דעם טאָג מיט זיין באַשייד
צו דעם רויבזאַק פון דער צייט.

איך פּראַל אים אויף
צו זוכן דאָרט
אַ שמץ גליק,
אַ פריידיק וואָרט,
נאָר אומזיסט!
נאָר אומזיסט!
דער זאַק איז בלויז
אַן אוצר מיסט.

די זון גייט אויף און זי פאַרגייט.
מיין טאָג — א בר־מנן
און איבער אים
איז נאָר פאַראַן
דער גרויער אַש
פון לעצטן פלאַם,
דער ווידערקול
פון לעצטער שעה —
וואָס איז אַוועק
און מער ניטאָ.

"צוקונפט", 1975

## פייער פון שקיעה

ווען די לעצטע זון־שטראַלן נייגן צו מערב,
די נאַכט, אַ מלכותדיקע עפנט איר היכל
שפּאַנט אַ זקן אַנטקעגן דער שקיעה —
און טראָגט אין פּנים אַ טאַנצנדיקן שמייכל.

ער דרינגט אַריין אין האַרץ פון נאַכט,
וויקלט אויף אירע טונקעלע פאַלדן
און זוכט דעם חושך וואָס צוימט דעם טאָג —
דעם סוד, וואָס ליגט דאָרט באַהאַלטן.

ער צינדט דעם פאַקל פון צעפלאַמטע יאָרן —
צעשפּריצט דאָס פייער איבער אַלע ווינקלען
און זעט ניט דאָס חושך וואָס ר׳וויל אַנטפּלעקן;
נאָר, דאָס ליכט פון פייער, וואָס טוט דאָרט פינקלען.

ווייל, ווען די זון אַ רויטע זעצט זיך צו שקיעה
און פירט אַ מידן טאָג צו זיין ענד,
זעט ניט דער טאָג דאָס אַש פון דער שקיעה —
נאָר, דאָס פייער וואָס האָט אין קאַיאָר געברענט.

״צוקונפט״, אָקטובר 1977

## א פאַרבאַטענער זאַג

מײַן בוים אָטעמט מיט
גרינקייט פֿון צײַט.
ער קוקט צו דער ווײַט
מיט טויזנט אויגן
פֿון בלעטער,
גענערטע אויף
שטראַלן פֿון זון.

מײַן בוים אָטעמט מיט
פֿרישקייט פֿון פֿרילינג —
מיט שפע פֿון בליאונג.
די בלעטער קרוינען זײַן קאָפּ.
א שטאָלצער ער טראָגט
פֿון באַנײַאונג דעם סוד.

איך נעם אים אַרום
מיט ציטערדיקע הענט
און פֿיל, ווי האַלטן
פֿון דויער די וואָג —
וועג איך מיט פֿרייד
דעם פֿאַרבאַטענעם זאַג —
„מה נאה אילן זה״.
ווי שיין איז דער דאָזיקער בוים.

„פֿרײַע אַרבעטער שטימע״, 1971

## מיט ליבשאַפט

איך געדענק דיין לאַך:
— אַ זיידענער ווייכער קלינג
פון אַ זילבערן גלעקל.
דיין בליק — אַ פרומער פונק
באַהאַלטן אין אַ תפילין זעקל.
דיין באַריר — אַ קאַלטער טרונק
אויף אַ הייסן גומען אין אַ מדבר פייער.
טעג, וואָס ליבע שפע האָבן אָנגעהייכט
אין מיין שייער.
אַצינד — זיינען יאָרן איינגעאוצרט
אונטער אַלטע, גרויע, שלעסער.
דער זכרון ציילט דאָס פאַרבליבענע פאַרמעגן.
די פרייד איז גרויס: נאָר דו ביסט נאָך גרעסער!
האָסט דאָס באהבה מיר געגעבן.

„צוקונפט", 1970

## פֿאַרשעמט

דער חצות שפּרינגט אַראָפּ פֿונעם זייגער
און כריכט אַריין אין מיין בעט.
ער הערט אויף צו זיין אַ שווייגער,
אַ בעל דברן ער ווערט און רעדט:
"יעדער מענטש, האָט זיין ציפער;
אַ ציפער איז אַ ציפער. אַ זאָגער,
צי ר'איז איינס, צי צוויי, צי צוועלף.
אַ מאָל זאָגט ער אַ בשורה אַ בייזע
און אַ מאָל אַ ליבן גאָט-העלף".
פרעג איך: וואָס זאָגט מיר מיין ציפער?
דער חצות אַ פֿאַרשייטער ער לאַכט.
"מאַי קאַ משמע לן אַ שאלה?
עס איז נאַכט, עס איז נאַכט, עס איז נאַכט!"

קוק איך ארויף אויפן זייגער
און זע: זיין ציפערבלאַט ברענט.
דער גרויסער און קליינער ווייזער
צעבראָכענע הענגען פֿאַרשעמט.

"פרייע ארבעטער שטימע", 1972

## נאקעטקייט

נאקעט, נאקעט, אָן אפגעדעקטער
שטייט מיין בוים,
עס וויינט זיין שטאם;
פון די צווייגן רינען טרערן.
דער בוים וויל אנטשלאפן ווערן.
בלאזט דער ווינט קאלט, קאלט,
טראגט א שלאף אין זיין שאלט —
וויגט אים אויס אויף דעם בוים.
נורעט איין דער בוים זיין קרוין
און ער ווערט אנטשלאפן.

א קרא א שווארצע אויף זיין שפיץ שנאבלט בייז,
טארעט, וועקט און דערשרעקט דעם שלאף.

נעם איך צארט ארום דעם בוים
און חבריש איך זאג:
— ברודער מיינער, אומזיסט דאס וויינען,
עס וועט ניט העלפן; פע!
לאמיר בעסער זיך פאראיינען
און אונדזער נאקעטקייט באשיינען
מיט דער ברכה פון — "לזמן הזה".

"פרייע ארבעטער שטימע", ווליי 1971

## דער היפּי

דיר דערווידער, מיר דערווידער,
דער גאַנצער ווילדער וועלט דערווידער,
לייג איך זיך אויף דאַך אַנידער
אַ נאַקעטער.
איך ליג אַזוי אַן אויסגעשטרעקטער,
אַן איינגעשפּאַרטער, צעבונטעוועטער יאָלד.
מעגן הימלען און די שטערן
אין דאָס בייז, וואָס טוט זיך מערן,
שאַלטן־וואַלטן, ווי נאָר זיי קענען:
איך אַ יאָט פון "פרייעם ווילן"
קען דאָס בייז פון וועלט ניט שטילן,
איר רציחה ניט איינצאַמען,
ניט אייסלעשן אירע פלאַמען.
שפּיי איך היפּיש אין איר פּרצוף!
אָט דאָס אַלץ, וואָס איך קען טאָן.

## די קללה

עס האָט דער גאָט פון די געטער
די וועלט פון די ווערטער
צעבלאָזן מיט חכמה.
טראָגן זיך ווערטער
פוןביימער צו גראָזן,
פון טייכן צו שטיינער,
רעדט דער אַרום
מיט אַלע זיינע ביינער.
נאָר דער מענטש, —
דער באַשיינער,
האָט זיין לשון פאַרלוירן:
און כאָטש ר'האָט געשוואוירן
צו זאָגן דעם "לאמור" —
רעדט ער און רעדט
און עס פאַרשטייט אים נישט קיינער.

"פרייע ארבעטער שטימע", ינואר 1971

# אַ לץ אין מיין שטוב

דער טרויער איז אַ לץ
פֿאַרפּוצט
אין צעלינדער און אַ פֿראַק,
אין האַנט ער טראָגט אַ חוזק־זאַק.
ער איז אַ תּושב אין מיין שטוב:
— פֿון יעדער וואַנט ער טאַנצט אַראָפּ,
פֿון יעדן ווינקל ער קריכט אַרויס,
שפּאַס און שפּאָט ער גיסט אויס! —
ער איז מיט מיר אַ פּאַן־בראַט: —
שלאָפֿט אין מיין בעט,
עסט ביי מיין טיש,
פֿירט מיט מיר אַ געוועט
פֿון זיין ניט זיין, אַ געמיש,
אַן אָפּנאַר־שפּיל.

ער גייט מיר נאָך ווי מיין שאָטן,
ער איז אינגאַנצן אין אים געראָטן...

"דער וועקער, מרץ 1977

## געוויין פון געוויינען

לאָמיר וויינען דאָס געוויין פון יתומים!
פון קינדער, וואָס שרעקן זיך פאַר מתים,
פאַר תכריכים ווייסע.
לאָמיר וויינען דאָס געוויין פון שטומע,
וואָס זידט אין העלדזער פון מומע —
אין גומענס, וואָס שלינגען
דעם ביטערן טעם
פון לעבן.

לאָמיר וויינען דאָס געוויין פון די לאָמע.
דאָס געוויין פון די קרומע,
וואָס זייערע קרעכצנדיקע
שטאָלצן טופּען אויס
דעם הינקענדיקן
טראָט.

לאָמיר וויינען דאָס געוויין פון די בלינדע,
פון אויגן אויסגעלאָשענע, טעמפּע,
פון די טרערן שטעכיקע,
וואָס פאַלן מאָנענדיקע
אויפן פנים פון דער וועלט.

לאָמיר וויינען, וויינען, וויינען.
לאָמיר וויינען דאָס געוויין פון געוויינען.

„פרייע ארבעטער שטימע״

## דער סוד פון סודות

דער סוד פון הארבסט — איז הארבסט:
ווען טוט ער קליידן?
דעם בלאט וואס הענגט
אויף דער צווייג,
די פרוכט וואס ליגט
אויף דער בייט! —
דאס ברוינע דארע קלייד
טוט טרויעריק שווייגן.

ווער קען דעם טרויער באנעמען?
ניט די כחמה
מיט איר שמייכל —
ניט דער מענטש
מיט זיין שכל
קענען אים באנעמען:

פילט דער מענטש די פולע פרייד
פון די יונגט־יארן
ווען ער שפאנט מיט שטעקן־שפאן
אינעם הארבסט זכרון?
— ער וויקלט אויף טעג פון נעכטן,
זוכט דארט ברעקלעך פרייד,
טעמ׳ט א טעם א פארשוועכטן
פון מיחושן באגלייט
און שפאנט ווייטער מיטן שטעקן
געטריבן פון דער צייט —
צו דעם טרויער וואס איז באהאלטן
אין א סודות שייד.

דער סוד פון הארבסט — איז הארבסט
ווי דער סוד פון לעבן איז לעבן;
ווי דער סוד פון שבת — איז שבת!...

„ביי זיך" נומער 12, דעצעמבער 1978

## פיטערפאַס פון לעבן

דער סוד פון קיום איז לעבן
אין פיטערפאַס פון וועלט:
אין זאַפט פון עפּל
— מאַרך פון ביין
— ריח אין בלום
— רויש אין ווינט,
אין פייער וואָס ברענט
אין פלאַם פון סנה.
אין די מי וואָס גליט
אין שויס פון וועלט
— אין האַרץ פון לעבן.
איז דער ווילן צו שטילן
דעם דאָרשט פון באַגער,
איז דער ריטעם וואָס כ׳הער
מיט יעדן ריר פון מיין גוף,
איז דער באַפעל, דער רוף,
— ובחרת בחיים! —

"צוקונפט" 1978

## ברענענדיקער טרויער

די פארנאכטיקע שאטנס באפאלן מיין שטוב,
באזעצן די ווענט מיט וויי און קלאג
און פארדארבן דאס פנים
פון די צעהאנגענע בילדער.
הענגט יעדעס בילד אין זיין אייגענעם וויי,
שרייט יעדעס בילד זיין אייגענעם שריי;

דעם זיידעס מילדע אויגן,
זייער לומדישער בליק
ווערט טרויריק.
דער סענקענער שטעקן
אין זיין חסידישער האנט
קלאפט טרעוואגע — אויפן אוהל
פון הוסיאטענער צדיק.

זיינוול דער שוסטער
וואס פלעקלט שיך
מיט פסוקים פון תהילים,
נייט קאמאשעס מיט
דראטוועס פון בטחון,
קוקט א בייזער צו מיין זיידן —
זיין שכן.

דער וואסערטרעגער מיטן קרעמיסל
אויפן געבויגענעם נאקן
וויגט ליידיקע קאנען,
גיסט טרויער פון יידישע עמערס.

דער גאליציאנער רבי מיטן געביילטן שטערן,
מיט די געקרייזלטע פאות,
א טורעם — וואס שפיצט תפילות
צום בורא עולם
שטייט א שווייגער,
א פארשטיינערטער גולם.

די האלצערנע שול מיטן שינדלענעם דאך
מיט געטאקטן באלעמער און יחוס פון ש"ך —
געאבל'ט אין ת"ח, ברענט
מיט "מגילת עפה"
און אין דער שרפה
פלאקערט מיין טרויער!

## פרילינג-שיכרות

דער פרילינג שאלט מיט שופר פון זיין,
טאנצט, מיט פלאמיקע פארבן.
ער ענפט די שפונטן
פון פעסער וויין,
פון לוסטיקע, שיכורע קוואלן.
איך פיל אן מיין בעכער צום ראנד
און זאג דעם פרילינג — לחיים!
ענטפערט דער פרילינג —
טרינק געזונט;
צום לעבן; צום נייעם.

טרינק איך ביז בגילופין
און גיי צו רבי אלימלך.
איך ברענג אים פרילינג גרוסן
און מיר ווערן ביידע פריילעך:

פויקן זיינע פויקן.
פייפן זיינע פלייטן.
א פארשנאשקענע טאנצט
די קאפעליע —
אויך איך און דער רבי
מיט א פרילינג ווארע
מיר האפקען
ביז צו דער סטעליע.

„צוקונפט"

## אַ טאָג אין חודש אב

מיין בוים בייגט די צווייגן.
די זון שווערט זיין קאָפּ.
דער טאָג אין שווייגן
שפּאַנט, מיט פיס פון אב.
די נאכט בינדט דעם שלאָף
מיט מידע שטריק.
אַ פויגל אין אַ נעסט
טרילט פון גליק —
נאָר אין האַרץ ביי מיר
אַ טרויער־שיר
פאַרשליסט דעם טאָג.

ראש השנה תשל״ז

## אַ גערָאטענער פאַרמעג

איך נעם דעם טאָג אין מיין האַנט
און קנעט אים ווי אַ טייג.
און מאַך אים זיין אַ פייער־פלאַם
וואָס ברענט מיט אייביקייט.
עד איז דער שפּיל אין מיין האַנט,
דער חומר אין דעם קאַן.
דאָס בין איך, וואָס לעש אים אויס,
אויך דער, וואָס צינדט אים אָן:
די זון, זי איז ניט זיין טראַכט:
די לבנה ניט זיין מוליד,
דאָס בין איך וואָס אים מאַכט
זיין אַן עולה, אָדער זיין אַ יוריד:
ער איז אינגאַנצן מיין באַשאַף,
דער גרויס־גערָאטענער פאַרמעג!
מעג די מאַכט פון דער צייט
אין קאַלענדאַר לעשן טעג,
מיינעם, קען זי ניט אָנרירן;
מיינעם, וועט זי ניט אויסלעשן!

״אידישער קעמפּעז״, פּסח תשל״ח

## מיט באַיאָרטע אויגן

ניו־יאָרק וועקט זיך פון ווינטער־שלאָף.
די וואָלקנקראַצערס גלעזערנע זאָגן מודה אני.
נעגל־וואַסער טריפט פון זייערע שויבן.
דער עמפּייער סטעיט בילדינג דערהויבן
קעניגט.
די גאַסן, צעשטעלטע סטויגן
פרישן זיך מיט פרילינג־לופט.
בריקן —
אויסגעשטרעקטע אָרעמס
קלאַמערן די טייכן —
טוקן זיך אין זייערע טומאַנען.
די זון צינדט מיט פלאַמען
דעם איסט־ריווער און האָדסן.

איך קוק אויף דער שטאָט
מיט באַיאָרטע אויגן.
כ׳האָב אמאַל פרילינג־טעג
אויף יוגנט וואָגן
געוואויגן.
טאָג נאָך טאָג נאָך טאָג:
אָבער — וואָס זענען מינוטן?
— בלויז מעת־לעתן —
אַ חלום!
וואָס האָט אויפגעגעסן
לעבן.

״סביבה״ סעפּטעמבער 1914

## לזכר יעקב גלאַטשטיין

אַ טרער אויפֿן קבר פֿון אַ יידישן פּאָעט
איז ניט קיין פּערל;
איז אַ גלעט,
איז אַ דאַנקוואָרט
פֿאַר אַ שורה, פֿאַר אַ ליד,
פֿאַרן געמיט —
וואָס עס האָט דערהויבן און דערהייבט.

אַ טרער אויפֿן קבר פֿון יידישן פּאָעט
פֿון אַ חבר זיינס אַ דיכטער
איז בטחון, איז אַ וועט,
אַז דער פּירקאַנטיקער אות
פֿון מאמע־לשונדיקן לעבן
וועט אין כביכולס כוס
זיך אין אייביקייט פֿאַרוועבן.

אַ טרער אויפֿן קבר פֿון אַ יידישן פּאָעט
פֿון אַ פֿאָלק, וואָס איז פֿאַרטרויערט,
איז אַ יד ושם:

— דיר, יעקב בר׳ יצחק גלאַטשטיין,
פֿאַר דיין זיין אַ היטער
פֿון דורותדיק מאַמע־לשון,
פֿאַר זיין אַ לא ינום ולא יישן
איבער זיין מינדסטן טראָף,
דיר, גרויסער יידישער דיכטער,
שרייבט איצט דיין פֿאָלק
זיין עפּיטאַף.

"פֿרייע ארבעטער שטימע" אָקטאָבער 1912

## שטילקייט

עס בלאָזן ווינטן, שטילע ווינטן,
גלעטןביימער — וויגן צווייגן.
און דער מענטש ווי אין דרימל
האָט פאַרחלומט זיך אין שווייגן.
און די וועלט ווי אין דרימל
וויל ניט זען, וויל ניט הערן,
ווי עס ברעכן זיך די דאַמבעס
און עס לעשן זיך די שטערן.
געוואַלט, די שטילקייט איז מקבל
אַ נייעם מבול, אַ נייעם מבול.

"אידישער קעמפעז" ראש השנה תשל"א

## ווען אַ טאָג פאַלט

אַ טאָג פאלט
ווי אַ פאַרשניטענער בוים
אין אַן אויסגעהאַקטן וואַלד.
זיינע שעהן בלוטיקן —
זענען עדות טרויריקע
אַז אַ טאָג איז געווען.
אין זייגער דער אומרו
פיטערט די צייט
גלייך גאָר ניט איז געשען.
נאָר די זון אַ פאַרשעמטע
ווי אַ כלה אַ ניט באַדעקטע
טראָגט אויף שטראַלן רויטע
דעם פאַרשניטענעם טאָג, —
צו זיין טרויריקן ענד.

"אידישער קעמפער", ראש השנה תשל"ח

# אליהו הנביא איז מגלה אַ סוד

דער טאָג האָט זיך אויפֿן בראָכשטול געזעצט
און געבוירן די נאַכט.
האָבן די אשמורות זיך דערפֿריידט
צעהעלט די שטערן
און מיך פֿאַרבעטן
סנדק צו ווערן.

האָב איך אַ לייטער געמאַכט,
געקלעטערט צום ברית,
מתנות געבראַכט
פֿון מיין רייכן רשות.
די קימפּעטאָרין
האָט כּיבוד געגעבן —
אַ פֿעסל וויין,
אַ קוגל פֿון שטערן,
אליהו התשבי
גאָטס עדות ביים ברית
אויפֿן כּיסא הנביא
געזעסן איז
און ברוך הבא געזאָגט,
דאָס קאָצל קומט!
אַ לחיים געמאַכט!
און צדיקיש פֿאַרפּרומט
אַ סוד מיר אַנטפּלעקט.
זעסט, די געווינערן
ז'איז מיט ליגן באַרעקט;
ניט זי האָט געבוירן
נאָר גאָט ברוך הוא:
זיי וויסן; ס'איז געווען
אין אַ מזלדיקער שעה.

"אידישער קעמפּער" ראש השנה תשל"ט

## דער גאָרטן פון נצחון

וואָלט זיך פאַר מיר געעפנט דער ברונעם
פון מיין פאָטערס טרויער,
וואָלט איך אָנגעטרונקען מיין אויער
מיט זיין פעלזיק שווייגן:
איך וואָלט ווי אַ מויערער
געטאָן ציגל לייגן
צום בנין פון דעם טרויער —
און דער טרויער
וואָלט זיך צו מיר אַנטפּלעקט
מיט זיין פולער מי,
מיטן זוכן צו געפינען
דעם פרדס פון קדושה,
די שלווה און שלום
וואָס בליט
אין באחרית הימים.
וואָלט איך עס גענומען —
און אָנגעצונדן ווי אַ לייכט-טורעם
וואָס לאָזט ניט בלאָנדזשען
ציענדיקע שיפן;
איך וואָלט עס געשליפן;
געלייטערט מיט בטחון
און אויסגעפלאַנצט אַ גאָרטן
פון דערהויבענעם נצחון.

„אידישער קעמפער" פסח תשל"ה

## דעם זיידנס וועלט

מיין זיידע האָט יסורים פון זיין קרענק
פאַרצאַמט אויף די ווענט,
זיי, מיט טרויער פאַרקעמט.
אויפן קאַמאָד ווי אַ לייטער
האָבן קאַרבאָלענע רפואות —
אַ צוקענדיקער שייטער,
די ווייטיק געלאָשן.
די ספרים פון אַלמער
פאַרשטויבטע, געגאַפט.
דער מזרח, אַן אָפּגעבליאַקעטער,
קרומהענגיק געשוויגן.
אין זומער־נעכט
האָבן זלידנע פליגן
גערינגלט דעם לאָמפּ.
אין ווינטער־טעג
פראָסטיקע שויבן
בלומען געמאָלן.
דעם זיידעס לעבצונג
געפירט צו טאָלן
בליענדיקע, גרינע,
צו ביימער אויף בערג
מיט זילבער־שניי באַדעקט.
ביז, אין אַ זאת־חנוכה
האָט אַ ווילדע שרעק
די יסורים צעבלאָזן
און פאַרלאָשן דעם טרויער.

„אידישער קעמפער, פסח תשל״ז 1977

## די שבת-שטוב

די באָבע תחינה'ט אין "קרבן מנחה",
ליכטיקט אין "צאינה וראינה" היכל.
די שבת־רו פון אַלקער טראָגט
דעם טשאָלנט-שמייכל.
די זמירות טאַנצן אויף די ווענט
ווי אַ יונג פאַרשאַרט פוקסל
די שבת פרייד שמעקט ארויס
פונעם בשמים-ביקסל
דעם זיידעס שטריימל שוועבט אין שטוב
דער באָבעס שטערנטיכל פלאַטערט.
די זאָרג פאַרשפאַרט אין אַ ווינקל
שטייט געפענטעט און פאַרשטומט.

"אידישער קעמפער", 1977

## מיט אַ פולן מויל

וואָס הייסט צו זיין אַ ייד?
איז עס גרינג? איז עס שווער?
טוט מען ווייניק? טוט מען מער?
דאַרף מען צייט? דאַרף מען אָרט?
מיין פאָטער איז מיט איין וואָרט —
מיטן — אחד, וואָס לאַנג געצויגן אים ער האָט
און ניט געוואָרן מיד — געווען אַ ייד.

דער זיידע האָט דעם גאַנצן תרי״ג
פרום געאוצרט אין תפילין זאַק,
איעדע מצווה אָפּגעהיט
און אַזוי געווען אַ ייד.

דער עלטערזיידע, דער מקפיד, מאמין,
וואָס פון אויפשטיין ביז צום לייגן
מיט זיין רעדן, מיט זיין שווייגן,
האָט דאָס דינען גאָט מקובלדיק געגליט —
איז אַוודאי געווען אַ ייד.
אונדזער שכן, דער פאַן יולעק,
וואָס ניט געאַנט אַז ער איז שראָלעק,
האָט אין אוישוויץ, אין ברענענדיקן טויט,
אויסגעשריגן גאָט אחד —
און צום אויוון געגאַנגען בלינד,
ער איז אויך אַ ייד אַצינד.
און איך, מיט די עלטערנס קדושה —
מיט זייער מאַמע־לשון,
וואָס רעדט מיט פרייד פון יידיש זיין,
וואָס יעדעס וואָרט, זיין יעדער אות,
איז דער מאַרך אין מיין ביין,
דאָס געבאָט אין מיין ליד —
זאָג מיטן פולן מויל:
אָט, מיט דעם בין איך אַ ייד!

## דער מקובל היילט די רשעות

מיין עלטער־זיידע, דער מקובל,
פלעגט פלעכטן
מיט שפרייזן
פון תפילות
אַ לייטער צום הימל.
און אין נעכט —
מיט סודות פון זוהר
עפנען דעם טרויער —
דעם שער פון קלאגן,
אויף גלות השכינה.
און קינה נאך קינה
מיט טרערן באגיסן.

פלעגט די עלטער־באבע
הארכן, און זאגן: —
עס בלויען די טאגן;
שוין צייט צו מאכן
א ענד צום וואכן.

פלעגט דע בוצינא קאדישא
מורמלען די קריאת־שמע
און ספירות אצילות
צעפליגלען אַ דרימל
פון דער לייטער אין הימל.

צו מארגנס, אין שטיבל
פלעגען חסידים דערציילן: —
דער מקובל האט געמאסטן
פון גלות די מיילן
און אן עירוב פארצויגן
די רשעות צו היילן —
און משיחן צו ברענגען.

„אידישע קעמפער" פסח תשל"ג

„דיו אלו ימי וכל מי כנישו־תו דירי ארעה
ספרי ורשמי רשו תא"

## פראטעסט

אלע טייכן זענען בלוט.
אלעביימער — תליות.
איסגעלאשענע יידישע שטעט
הענגע טויטע
אויף חורבן תליות.

אלע ימען זעגען טינט.
אלע ביימער פענען.
רבי מאיר בן יצחק׳ס אקדמות —
זיינע סופיקע תאָ׳ן, וויינענן.

אלע ימען זענען טינט.
אלע וועלט־איינוואינער־סופרים.
נאר, מ׳שרייבט ניט אַ לויב צו גאט :
אלע שרייבערס זענען כופרים.

## פארריגלטע טויערן

די לעצטע, די גערודפטע משרתים
האבן געקושט די מזוזה
פון יידיש פוילישן עבר,
אריינגעלייגט אין רוקזאק
אלע אלטע עברות: —
די פארטיי העזה,
אַ שאנד פאספארט
און אין ספקות־שיך
ארויסגעלאזט זיך
זוכן
דעם פארלוירענעם נעכטן.

אַ טייל האבן געצויגן צו
די ברעגעס פון האדסאן,
אַ טייל צו די וואסערן
פון ירקון.
אַ טייל האבן על חטא
זיך געשלאגן
און אַ טייל — די טומאה
ווידער געצוואגן.

נעכטן האבן די זינדיקע —
די לעצט געבליבענע
גענידערט
מיט געבויגענע קעפ
פון אשיקע טרעפ
און אויף שלעסער פון קללה
פארריגלט די טויערן —
פון הייליקן יידישן פוילן.

„ביי זיך" נומער 12 דעצעמבער 1978

## קליינגעלט

אויף דער טאָלעקע פון שווערן לעבן
געוואָקסן האָבן מיינע זעכציק יאָר.
ווי אַ צאָפּ אויפן קאָפּ פון אַ מויד
געפלאָכטן כ׳האָב יאָר נאָך יאָר:
אַמאָל דער פלעכט געווען איז בלאָנד
אַצינד, ער איז אַ גרויער גאָר:
פלעכט איך טעג פון גרויען זיין
אינעם צאָפּ פון זקנה־וואָר —
נאָר געדענק דעם זיידעס האָר
אין בלעטער פון גמרא ליגן.
דער זיידע פלעגט פון גרויער באָרד
זיי פילפולדיק צוביסלעך פליקן
און קשיות פון האַרבן לעבן —
אַ לייכטן ענטפער קלאָר אויסשטיקן.

האָט דער ענטפער מיין זיידעס טאָלעקע
צו אַ יונגן, העלן, שליאַך פאַרביטן.
פלעגט דער זיידע פאָרן נאַשפּיץ
אויף אַ גאָלדן גמרא שליטן
מיט סוגיות קלוגע באַגליקן.
און דעם שליאַך פון זיין לעבן

מיט וועלכן נאַשפּיץ וועל איך פאָרן ?
אַז כ׳האָב לחלוטין ניט קיין שליטן ;
און זעקס צענדליק לעבנסיאָרן
אויף קליינגעלט אויסגעביטן.

„צוקונפט" 1973

## דערהויבענע טעג

טעג מיינע געטליתטע מיט טרערן
זענען געהאָנגען אויף שטערן
פון אַ קבלה־נאַכט.
האָט די נאַכט גימטריות געמאַכט
און אַ מעשה פאַרטראַכט: —
אַז טעג געטובלטע אין ים פון פיין
ווערן צניעותדיק ריין,
ווערן גאָלדענער שיין
אין טאָל פון געוויין.

האָבן די טעג גענידערט צו זוכן דעם שיין;
איז זיי געקומען אַנטקעגן
פון טאָל דאָס געוויין —
אַן אל מלא רחמים
וואָס בעט מנוחה
פאַרשטאָרבענע טעג.
זענען די טעג צעחושטע
געלאָפן צוריק צו דער נאַכט,
נאָר די נאַכט האָט פאַר זיי
אירע טויערן פאַרמאַכט.

איז געקומען זיי צו הילף די גאָלדענע פאַווע,
געבראַכט אויף אירע פליגל — מרגלית, מיין באַבע.
צעקנעפּלט די באַבע איר פרומע פעלערינע,
באַווייזט זיך פלוצעם די הייליקע שכינה
מיטן כתר פון קבלה.
קרוינט מיט אים די באַבע פון זוהר דעם שער,
באַצירט מיט תגין אות נאָך אות.
קנופּן די אותיות אויס אַ שלאָס —
אַ גאָלדענעם שלאָס, מיט פון שטערן אַ טורעם.
נעמט אָן די באַבע מיינע טעג אונטערן אָרעם
און פירט זיי צוריק צום היכל פון חלום,
צו דער נאַכט — פון רזי דרזין.

„צוקונפט", 1974, 8—1

## מיין טאטעס דאַרשט

אין די פאַלדן פון טאַטעס טלית
פלעגט ליגן באַהאַלטן
די זאָרג פון דער וואָך;
אַלטגעזעסן אין די עקן
פלעגט זי פרום זיך וויגן
אויף פעדעם פון ציצית.
די רצועות פון תפילין
האָבן כריכות געוויקלט
אויף זיינדאַרער האַנט.
זיבן כריכות, זיבן זאָרג
זיי שניידן איין.
און מיט דער ברכה
אַ העלער שיין —
אַ טיפער גלויבן
ווערט דערהויבן.
אָ, וויפל האָפענונג

האָט דער "של ראש"
אַרויפגעצויגן —
אויסגעגלעט אַלע קנייטשן
אויף זיין הויכן שטערן.

זיינע ליפּן מורמלען.
די תפילות מערן.
לאַנג ער גיט דעם
"אחד"!

גאָט אָ, גאָט!
איך האָב ניט פאַרשטאַנען,
ניט געזען
דעם אייביקן קוואַל;
דאָס מים חיים,
וואָס האָט געלאָשן
מיין טאַטעס דאָרשט.

"אידישער קעמפער" פסח תשל"ג

## די וויג פון מיין ניגון

מיט ליימענע דילן, מיט שינדלענע דעכער,
פרומע ווי אַ קידוש־בעכער
זענען שטיבלעך געשטאַנען
אויף די לאַנען
אין יידישע שטעטלעך,
פון די קאַרפּאַטן־בערג.

מיט האָלצערנע דילן, מיט בלעכענע דעכער,
צעלייגטע ווי אַן אָפענער פעכער
זענען הייזער געשטאַנען
געצווימטע אין צאַמען
אויף ליקלעך ענגע,
אויף שמאָלע גאַסן,
געווענדטע מיט בליקן
צום קיום בלאסן
אין היימשטאָט מיינער —
צו פוסנס פון די
קאַרפּאַטן־בערג.

אין יענע הייזלעך, אין יענע שטיבלעך,
אַז דער בושיק פלעגט צעשנאָבלען די וויגעלעך —
פלעגט מען די וויגעלעך מיט ניסלעך באַוואַרפן,
די ווענט, מיט שיר המעלותן באַהענגען.
חדר־יינגלעך, פלעגן אל מלך נאמן זינגען;
אַ קרית שמע לייענען דער שמחה צעקלינגען.
דער ווינט דאָס לייענען פלעגט כוואַליעדיק טראָגן.
די ביימער זיך וויגן און זמרדיק צוואָגן
די שיכורע נעכט, די ניכטערנע טאָגן
פון יידישן, קאַרפּאַטישן, בערגישן לעבן.

אין יענע וויגעלעך האָב איך מילך געזויגן:
פון יענער אווירה מיין ניגון געצויגן.

## די ברכה פון ברויט

ווי זאנגען אין שניט
פאלן מיינע טעג
אויף לעבנס-פעלד:
סנאָפּעס צעגליטע
אונטער זון —
צעשטעלטע
זיי גארן
צו שייער,
צו צעפּעס,
צום מלוויצער.

אין זעק, צו ווערן
גילדענער אוצר
געפירטע צו מילן,
— איינצוהילן
די ברכה פון ברויט
פארן דרך פון לעבן.

"דער וועקער" 1975

# עס קומט צו מיר אַ חרובע יידישע וועלט

ווען צום דיכטער מאַטעס אַליצקי קומען ניט קיין לידער
גייט ער צו מאַני לייבן, ראַלניק, רילקע
און איך — צו שלמה איבן גבירול;
צום זשעדישוויווער שטיבל,
צום כהן ברוך־שמואל מיט די זיבן זין.
צום בעל־תפילה וואָס רופט — כוהנים! —
און זיי ענטפערן — עם קדושיך! —
צו אונטערן טאַטעס טלית וואָס האָט געשירעמט מיינע אויגן

ווען פלעגן דורך די שפּאַלטן זוכן
דאָס אויסדערוויילטע הייליקע פּאָלק
וואָס כ׳האָב דעמאָלט נאָך ניט געקענט,
אָבער מיין ליבשאַפט צו אים —
האָט שוין אין מיר געברענט:

ווען צו מיר קומען ניט קיין לידער,
קומען שטאַנס פון אַ חורבער וועלט:
— בית עלמינס אָן מצבות,
אותיות פורחות וואָס ברענען
און ווערן ניט פאַרברענט.
ווען צו מיר קומען ניט קיין לידער
גיי איך אין חסידים־שטיבל
צו די אוראייניקלער פון איבן גבירול,
נעם זיין ספר — ״כתר מלכות״ —
און מיין קאָפּ קרוינט זיך
מיט מאַמע לשונדיקן איכה
און מיין האַרץ יאָמערט
מיט וויסטע קלאַגנדיקע לידער.

צו מיר קומען ניט קיין מונטערע לידער;
צו מיר קומט א גאנצע יידישע חרובע וועלט!

״צוקינפט״ 1977

# אינהאלט

## פרייד פון גאולה


פייגל אין שול פון ספרא רבא . . . . . . 7
אביי וואלט זיכער פארשריבן . . . . . . 8
די בערג פון יהודה . . . . . . . . . 9
דער הימל פון ירושלים . . . . . . . 10
המשך ביים כותל מערבי . . . . . . . 11
זיידע מתנות . . . . . . . . . . 12
כוס פון טרייסט . . . . . . . . . 14
דאס ליד פון בערג און גאולה . . . . . . 16
איך טו פרעגן . . . . . . . . . . 18
אַ לויב צו מיין שפראך . . . . . . . 19
אויף דער וואַך . . . . . . . . . . 20


## פייער פון שקיעה


אַ זומער־טאָג ביים ים . . . . . . . . . 23
פרילינג קרוין . . . . . . . . . . 24
פרילינג פראַנט . . . . . . . . . . 25
איבער אַלע הייכן . . . . . . . . . 26
אָפגרונט פון זינד . . . . . . . . . 27
קהלת׳דיק . . . . . . . . . . 28
לעצטער אות . . . . . . . . . . 29
די צייט פארצייכנט . . . . . . . . . 30
א חסידישער שלוש סעודות . . . . . . . 31
דער זיידע טאַנצט . . . . . . . . . 32
דעס כוס פון דרייסט . . . . . . . . . 33
דער מלכותדיקער זייגער . . . . . . . 34
פאעטישער שפיל . . . . . . . . . 35
בורא פרי העץ . . . . . . . . . 36
אין־סופיקער ברעג . . . . . . . . . 37
דאָס אויסגעלאָשענע ליד . . . . . . . 38
בלומען פון אונדזער מי . . . . . . . 39
הארבסט — געמיט . . . . . . . . . 40
שאַרע טעג . . . . . . . . . . 41
וואונדער פון צינדער . . . . . . . . 42
א קפעליוש קשיה . . . . . . . . . 43

עס טונקלט די וועלט . . . . . . . . . . . . 45
מאָרגנליד . . . . . . . . . . . . 46
פרילינג פייער . . . . . . . . . . . . 47
די בונטע שלייף . . . . . . . . . . . . 48
רויבזאַק פון דער צייט . . . . . . . . . . . . 49
פייער פון שקיעה . . . . . . . . . . . . 50
א פארבאטענער זאג . . . . . . . . . . . . 51
מיט ליבשאַפט . . . . . . . . . . . . 52
פארשעמט . . . . . . . . . . . . 53
נאקעטקייט . . . . . . . . . . . . 54
דער היפי . . . . . . . . . . . . 55
די קללה . . . . . . . . . . . . 55
אַ לץ אין מיין שטוב . . . . . . . . . . . . 56
געוויין פון געוויינען . . . . . . . . . . . . 57
דער סוד פון סודות . . . . . . . . . . . . 58

## דערהויבענע טעג

פיטערפאס פון לעבן . . . . . . . . . . . . 61
ברענענדיקער טרויער . . . . . . . . . . . . 62
פרילינג — שיכרות . . . . . . . . . . . . 64
אַ־טאָג אין חודש אב . . . . . . . . . . . . 65
אַ גרעאַטענער פאַרמעג . . . . . . . . . . . . 65
מיט באַיאָרטע אויגן . . . . . . . . . . . . 66
לזכר יעקב גלאַטשטיין . . . . . . . . . . . . 67
שטילקייט . . . . . . . . . . . . 68
ווען אַ טאָג פאַלט . . . . . . . . . . . . 68
אליהו הנביא איז מגלה אַ סוד . . . . . . . . . . . . 69
דער גאָרטן פון נצחון . . . . . . . . . . . . 70
דעם זיידנס וועלט . . . . . . . . . . . . 71
די שבת שטוב . . . . . . . . . . . . 72
מיט אַ פולן מויל . . . . . . . . . . . . 73
דער מקובל הייליט די רשעות . . . . . . . . . . . . 74
פראטעסט . . . . . . . . . . . . 75
פארריגלטע טויערן . . . . . . . . . . . . 76
קליינגעלט . . . . . . . . . . . . 77
דערהויבענע טעג . . . . . . . . . . . . 78
מיין טאַטעס דאָרשט . . . . . . . . . . . . 79
די וויג פון מיין ניגון . . . . . . . . . . . . 80
די ברכה פון ברויט . . . . . . . . . . . . 81
עס קומט צו מיר אַ חרובע יידישע וועלט . . . . . . . . . . . . 82

## תיקון טעויות

אין ליד — מיט א פולן מויל. זייט 73.
די דריטע שורה פון אויבן דאָס לעצטע ווארט — דארף זיין מער.

אין ליד קליינגעלד. אויף זייט 77.
אין איינער פאר דער לעצטער סטראָפע — די צוויי לעצטע שורות דארפן זיין אזוי:
**און דעם שלײאַר פון זיין לעבן**
**מיט סוגיות קלוגע באגליקן.**

עס קומט צו מיר א חרובע יידישע וועלט. זייט 82.
**אין דער 15־טער שורה פון אויבן**
**אין צווייטן וואַרט דאר זיין שאָטנס**